## יאָסל לערנער

# לידער און מעשהלעך
# מיט א גוטן מיין




ה. לייוויק־פאַרלאַג

ביים פאַראיין פון יידישע שרייבער
און זשורנאַליסטן אין ישראל

תל־אביב — 1983

YOSL LERNER

Lider un maiselech mit a gutn mein

H. Leivik Publishing House
30 Dov Hoz Str. Tel-Aviv, 63416

ה. לייוויק־פאַרלאַג
רח׳ דב הוז 30, תל־אביב 63416

נדפס בישראל תשמ״ג



Printed in Israel, 1983

דפוס „אור״ בע״מ, תל־אביב, שד׳ הר־ציון 104, טל. 822481

מײַן גאָט,
לאָז רעדן מיך צו מענטשן מיט לידער,
מיט מעשהלעך
און ווערטלעך.
זאָל מײַן רעדן זײַן אויך גוט,
און ליב,
און צערטלעך.

זאָל אין מײַנע רייד זיך נישט אַרײַנכאַפּן
אַ וואָרט אַ שלעבטס,
אַ זאָג
מיט נישט קיין גוטע מיינען;
זאָל מײַן רעדן קומען פון אַ ריינעם קוואַל —
אַ לויטערן,
מיט אַלע זײַנע חנען...

# די אַראָפּגעפאַלענע שטערנדלעך

איך האָב קינדוויַיז געזוכט
די אַראָפּגעפאַלענע שטערנדלעך,
און געפינען.

זיי זענען ווי בלויענקע שטיינדעלעך געליגן
אויף דער ערד
און אויסגעזען
ווי בורשטינען.

און שפּעטער, —
ווען איך האָב מיַין ערשטע ליד געשריבן, —
זיי איינציקוויַיז אין די שורות אַריַינגעפלאַנצט,

האָבן די שטיינדעלעך זיך צעגלאַנצט,
ווי שטערנדלעך צעשיַינט,
צעבליט,
אַרויפגעפלויגן צום הימל באַלד
און מיטגענומען מיט זיך
מיַין ליד...

2

װען אָנגעשריבן כ׳האָב אַ צװײטע ליד
און געװאַרט אױף שטערנדלעך װאָס פֿאַלן,
זײ זאָלן אױך מײַן צװײטע ליד פֿאַרטראָגן,
זי זאָל זיך מיט לבֿנה־ליכט צעשטראַלן.

האָבן פֿײגעלעך דערזען די ליד זי ליגט,
געמײנט דאָס איז מיט קערנדלעך אַ בעכער.
גענומען אױספּיקן באַלד אות נאָך אות
און שטײַגן באַלד גענומען העכער.

געשטעלט זיך אױף אַ צװײַג פֿון אַ צעבליטן בױם,
און אױסגעטרילערט אַ שורה נאָך אַ שורה,
גלײַך אַ ציגײַנער אין אַ מאַרקטאָג אױף דער גאַס
זינגט אױס און שפּילט אַ ליד אױף דער באַנדורע.

געשטאַנען אין אַ זײַט און אײַנגעהערט זיך שטיל,
עס איז מײַן ליד, זעט אױס, די פֿײגעלעך געפֿעלן.
זי אױסגעצװיטשערט האָבן זײ מיר גראַם נאָך גראַם
און אָנגעטאָן מיר אױף מײַן זײַן אַ שנירל זינגענדיקע קרעלן.

# מײַן ליד

דאָס הירזשען פֿון פֿערד,
דאָס בילן פֿון הינט;
דאָס פֿריילעכע פֿלאַפּלען פֿון ווינט,
דאָס אומעטיקע שווײַגן פֿון אַ שטיין,
און עמעצנס אַ שטיל געוויין —
איז מײַן ליד.

איך נעם דאָס אויף,
זאַפּ דאָס אײַן
וואָס געהערט,
געזען,
אין שעהען פֿון בין־השמשות
און בלויע קאַיאָרן.

— וווּהין זשע ציט דיך, מײַן ליד?
— צו אַ שטראַל פֿון פֿרייד און רום
אין דעם אַרום.

# מײַן שטעטל װוּ איך װױן

אויף קרית אונו, דעם שטעטל װוּ איך װױן,
האָט דער דרויסן אָנגעטאָן אַ גרינע קרױן.
באַצירט מיט בײמער, קוסטן, גראָזן —
אין די פּאַרנאַכטן זאָלן װינטלער פרישע בלאָזן.

אַזאַ כישוף ליגט דאָ. עס שמײכלט דער אַרום.
אַ בין צעזשומעט זיך דערזעענדיק אַ בלום.
דער טאָג שפּאַצירט דאָ אום מיט זײַנע גרינע לאָקן,
דער אָװנט גײט דאָ אום אין טונקל־גרינע זאָקן.

די הײַזער װאַקסן אין דער לענג און אין דער ברײט,
און זענען צו די חתונות און צו די בריתן גרײט.
קינדער שפּילן זיך, שפּרינגען אום און לאַכן,
און גוטינקע מלאכימלעך שװעבן אַרום זײ און װאַכן.

יװירט אין מיר די װוּנדערונג צו מײַן גרינער שטאָט,
און עס זינגט מײַן לעבן אַ תּפילה אויס צו גאָט:
שענק אונדז רו און שלום! מיר זאָלן פון קײן בײז נישט װיסן,
מיר זאָלן פון דעם אויסגעבענקטן הײמלאַנד אונדזערן
גענישן! —

## ס'זינגט דאָס האַרץ

ס'איז דאָס לעבן אַ מאָל גוט,
אַ מאָל שלעכט,
נאָר שטענדיק —
געָרעכט.

און כאָטש —
סע וואַקסן אויפן האַלדז די קאַרבן,
און רײַפע שטייען שוין אויפן פעלד
די גאַרבן —
זינגט דאָס האַרץ אַ שטיל געזאַנג
מיט ווייכע בלויע פאַרבן...

## אונדזער טרוים

איז דאָס לעבן אונדזערס אַ טרוים
צי וואָר איז ?
איז דאָס אַ קויש אַ ליכטיקער מיט פרייד,
צי אָנגעפילט מיט פלאָג און צרות ?..

ניסים באַדאַרפן מיר. יעדן טאָג אַ נס,
אַז פאַרווירקלעכט זאָל שוין ווערן
אונדזער טרוים
און אונדזער שטרעבן. —
אָן ניסים קענען מיר נישט לעבן...

## דיַין טרער

וואָס בענקט אַזוי די וועלט ?
וווּהין ?
צו וואָס ?
צו וועמען ?
ווער האָט איר האַרץ געטאָן פאַרקלעמען ?

און מיַינס פאַרקלעמט האָט ווער ? —
דאָס האָט דיַין טרער
אַרויסגערופן,
ווען האָסט געמיינט
עס איז נישטאָ קיין האָפן מער...

# אין שפּיטאָל

מײַנע נײַע פֿרײַנד אויף די בעטן
אין פּאַלאַטע —
אויסגעשעפּטע,
אומעטיקע,
מאַטע...

דער גורל וואָס געבראַכט אַהער
זיך היילן,
וועט אונדז, מיט דער צײַט, צעטיילן.

ווער צו ווײַטערדיקן אומרו אַהיימגיין וועט,
ווער וועט בלײַבן נאָך צוגעשמידט צום בעט
און ווער אַוועקגיין וועט צו רו, צו אייביקער,
מיט שטילע טריט
און מיטנעמען מיט זיך מײַן אומעטיק ליד — — —

# בײַנאַכט אין שפּיטאָל

די בעטן װאַכן.
עמעצער דרײט זיך אַרום
זוכט אַ טראָפּן געזונט.

ערגעץ אין דער נאָענט װאָיעט אַ הונט.
אַ קראַנקער קרעכצט:
גאָט!
אַ צװײטער שרײַט:
אחות!
אַ יאָגעניש
אַן אײַלעניש — — —
שפּעט.

שטײען שולדיקע די װענט,
שלאָגן זיך אין די קראַנקע הערצער
על־חטא...

# קדיש

(ביי די קברים פון די געפאַלענע קינדער
אין די שלאַכטן פאַר קיום המדינה)

אויף די בית־עלמינס ליגן זיי
שטיל —
זייער לעצטער אַזיל.

קומען אייגענע און ווײַנען,
פאַרבײַגייער
שטעלן זיך אָפּ אַ ווײַלע,
לייענען
דעם נאָמען,
די עלטער,
ווען און ווו
אין וועלכער שלאַכט געפאַלן.

דער טאָג באַגיסט די קברים זייערע
מיט אויסגעבלייכטע שטראַלן,
דער בין־השמשות זיי פאַרהילט
מיט אַן אָבלדיק געמיט
און מיין ליד —
אַדורכגעוווייקט מיט שטילן וויי —
זאָגט קדיש.

# דער זייגער אויף דער וואַנט

אַז דער זייגער אויף דער וואַנט
וועט בלײַבן שטיין,
וועט עמעצער ערגעץ־ווו זיך פעלן.
וועלן מיר אויסטאָן די שיך
און באַצערטע
מיט הענט פאַרבראָכענע שטיין און וואַרטן,
ביז דער זייגער אויף דער וואַנט
וועט ווידער נעמען גיין.
דאָס לעבן — ווידער קוועלן
בײַ אַלעמענס שוועלן...

# לייג צו דײַן אויער

לייג צו דײַן אויער וועסטו הערן
ווי די הערצער בײַ די טעלעגראַפן־סלופּעס
צאַפּלען ווי אין פיבער. —

זיי האָבן צוגעזוגן דאָס טרײַבן
צו די גריבער.
זיך אײַנגעהערט אין די געשרייען
און פון די גרוילן
זיי קענען מער נישט
זיך באַפרײַען...



אַזאַ דינע שטילקייט צווישן די קברים
פאַרנאַכט,
אַז מיר דאַכט זיך
איך הער,
ווי עס ריידן זיך איבער
די טויטע...

# אַ גאָטס־רחמנות אויף די פייגעלעך

אַ גאָטס־רחמנות אויף די פייגעלעך.
עס בושעוועט אין דרויסן אַ געוויטער,
מאַכט חרוב זייערע נעסטן,
און רויב־פייגל אַרום.

עס לאָקערט די סכּנה פון אומעטום,
און עס שטיקט זיי
און פאַרפּייניקט
דער רויך
פון אָסווענצים,
פון טרעבלינקע
און מײַדאַנעק...

1945

## טרער און פרייד

וואָס איז די טרער ?

ווען דער אומעט פּליסט אין דײַן רער
און ביסט אין אַלעמענס אויגן אַ גר
מיט דײַן ייִדישן קלאַנג,
מיט דײַן ייִדיש געזאַנג,
בײַ דײַן ווענד און דײַן קער.

וואָס איז די פרייד ?

ווען דער אומעט פאַרגייט
און אַ שטראַל פון אַ גוטינקן שמייכל באַגלייט
דײַן ייִדישן קלאַנג,
דײַן ייִדיש געזאַנג
פון דער גאָלדענער קייט...

# בײַם פענצטער

עפּעס צוויטשערט אויס אַ פייגעלע,
אויף אַ נאָענטן בוים אין גאָרטן, —
וואָס קוקט אַרײַן צו מיר אין פענצטער.

פון ערגעץ דאָ,
פון ערגעץ דאָרטן
רופט זיך אָן אַ גריל אויף גרילּיש,
און אַ בין — אויף ביניש,
און פון טײַכל קוואַקען צו די פראָשן —
זיי האָבן דעם געצוויטש פאַרשטאַנען,
רופן זיי זיך איבער
יעדער אויף זײַן מאַמע־לשון.

שטיי איך בײַ דעם פענצטער אײַנגעהילט
אין חידוש
און באַגריס זיי אַלעמען
אויף ייִדיש.

# אויף דער וואָגשאָל

אַרויפגעלייגט איך האָב אויף דער וואָגשאָל
פון מײַנע וועגן
מײַנע ליידן
און מײַנע פריידן —
ווער פון זיי וועט איבערוועגן.

האָט די וואָגשאָל געהוידעט זיך אַהין און אַהער,
אַ מאָל לײַכט,
אַ מאָל שווער זיך געבויגן,
ביז ס׳האָט דאָס מעסטל מיט ליידן אַריבערגעוויגן.

אַ מאָל אויך דאָס מעסטל מיט פריידן,
כאָטש זעלטן,
צו ווײַזן מײַן אָנטייל איןביידע וועלטן...

# דער דיכטער

פאַר מאיר חריף צו זײַן ווערן אַ בן שבעים

דאָס זען פון אויג העלפּט נישט,
ווען דאָס האַרץ איז בלינד. —
אַ דיכטער מיט אַ קאָפּ גרויע האָר אַפילו,
איז אַ תמימותדיק קינד.

וואָס ער זעט און וואָס ער הערט,
מיט זײַן האַרץ ער נעמט דאָס אויף.
ער זעט די טיפענישן ביז אַראָפּ,
און די הויכקייטן — ביז אַרויף.

ווײַל אומעטום איז גאָט פאַראַן,
וואָס האַלט אויף אים די רעכטע האַנט.
די בענקעניש וואָס ליגט אין דעם אַרום
האָט ער צום רײַטוואָגן פון דיכטונג זײַנער אײַנגעשפּאַנט.

ער זעט אַז ס׳איז דער ליגן, ווי דער קעניג נאַקעט,
און דער אמת בלאָנדזשעט אום אויף אונדזער וועלט.
נאָר אויב ס׳איז נאָך פאַרכמאַרעט דער אַרום,
דאָך — אַ פּאַסמע שײַן דעם וועג זײַנעם באַהעלט.

# ווײַסע פּערזן

„ווײַסע פּערזן זענען מער עלאַסטיש
פון געגראַמטע" —
האָט געזאָגט ראַבינדראַנאַט טאַגאָר.

אפשר איז דאָס וואָר,
נאָר ווען די ווײַסע פּערזן, דאַכט זיך,
גייען אום זיך איינענקע אַליין,
פאַרטמטע,
גייען די געגראַמטע,
פריילעך אין דער פּאָר...

20 — אָקטאָבער — 1978

# אַ ליד וועגן גראַמען

לידער אָן גראַמען
ווי קינדער אָן אַ מאַמען —
יתומימלער נעבעך.

דער גוטער און פײַנער גראַם
גיט צו דעם ליד
ריח, קלאַנג
און טעם.
אַן אָנלען פאַר דער שורה.
און פאַר די ווערטער: וואָג
און קלאַנג. —
געזאַנג.

ווערטער פאַרן גראַם
און דער גראַם פאַר ווערטער —
אַ באַשערטער...

1970

# כ׳האָב אַרויסגעטראָגן מײַנע לידער

כ׳האָב אַרויסגעטראָגן מײַנע לידער אין דרויסן,
זיי צעהאָנגען אויף דעם פּלויט פון אַ גאָרטן
זיי זאָלן זיך לופטערן,
די זון זאָל זיי וואַרעמען
אַ ווינטעלע זאָל זיי אומאַרעמען
זיי הוידען
אָפּפרישן די גלידער,
די פייגעלער זאָלן פליִען אַרום זיי
און זינגען
אפשר וועלן מײַנע לידער —
מיט נײַע טענער קלינגען.

האָבן פייגעלער אויסגעפּיקט די ווערטער —
געמיינט דאָס זענען קערנדלער פון זאַנגען. —
איז זייער סוויפּטש געוואָרן איצט געהערטער
און געהערטער אויך מײַנע געזאַנגען.

1979

# אויב דו ווילסט וויסן

אויב דו ווילסט וויסן ווער איך בין —
לייען מײַנע לידער.
באַטראַכטן מיך האָט נישט קיין זין.
ווען איך זיץ אויף דער באַנק
אַ מידער.

און ווילסטו וויסן וואָס איך בין —
הער מיך אַ מעשה דערציילן.
אַמאָל מיט רחמים, אַמאָל מיט דין —
מע קען נישט דעם מענטשן צעטיילן.

דער מענטש איז דאָך דער ווען ער לאַכט,
ווען ער רעדט,
אין זײַן טועכץ דערקענט מען דעם מענטשן.
איז לאָמיר שוין איצט, כל זמן ס'איז נישט שפּעט,
שמייכלען צו אים
און אים בענטשן.

1979

## האָסט זיך צוגעריירט

האָסט זיך צוגעריירט לײַכט צו מײַן באַק
ווי אַ ווינטל אין אַפּריל. —
דרייסט זיך אַרום אויף אונדזער וועלט
ציטערדיק און שטיל.
דײַן נאָמען איז מיר גוט באַקאַנט
נאָר דײַן פּנים איז פֿאַר מיר
פֿאַרשטעלט...

## וועסט זאָגן יאָ

וועסט זאָגן יאָ און טאָן אַ כיטרע שמייכל
נאָר שפּעטער,
ווען דו וועסט אַוועקגיין,
וועט אַלץ דערגיין ערשט צו מײַן שׂכל.

וועל איך בײַ דעם פֿענצטער אָפּזיצן
אַ גאַנצע נאַכט
און קלערן.
פֿאַרקוקן זיך ווי עס פֿינטלט
ערגעץ ווײַט
אַ שטערן
און לאַכן, לאַכן ווי אַ גולם.

## אַפילו ווען איך גיי פאַרביי

אַפילו ווען איך גיי פאַרביי דיין הויז
ווערט מיר לינד און גוט.
דיין פענצטער שיינט אַראָפּ צו מיר
מיט אַ ליבנדיקן שמייכל,
מיט אַ טראָפּנדל גלוט. —

נעם איך אַראָפּ דעם שטרויענעם הוט
און באַגריס אים לאַנג און גערן.
באַוויזט זיך ביים פענצטער באַלד
און דרייסט מיט אַ פינגער
ביים שטערן...
— — — — — — —
משוגע צו ווערן...

## דער בריוו

דער בריוו וואָס כ'האָב באַקומען
היינט,
ווי איז האָט אָפּגעבריט מיין האַרץ
און עס אָפּגעצערט...

דאָס בלימעלע וואָס צוגעטראָגן איר
אויפן פעראָן
האָט זי — אינעם בריוו —
צוריקגעקערט...

# זינט מיר האָבן זיך צעשיידט

זינט מיר האָבן זיך צעשיידט,
איז די וועלט
אַלט און גרוי געוואָרן.
די בענקשאַפט אונדזערע צעצווייט,
פֿאַר די אָפּגעריסענע יאָרן —
וואָס וועלן קיין מאָל מער נישט קומען
צום אַפּעל —
איז ווי די וועגן אונדזערע
וואָס גייען פּאַראַלעל
און וועלן זיך נישט איבערקרייצן מער,
די שטערן וועלן מער אויף זיי
נישט ברענען.

און וועלן זיי זיך ווען באַגעגענען אַ מאָל,
צי וועלן זיך די וועגן אונדזערע —
דערקענען ?...

# נעם מיַין פֿריַינדשאַפֿט

נעם מיַין פֿריַינדשאַפֿט דיר פֿאַר אַ מתּנה.
די טײַבעלעך הינטער דער סטריכע
שטענדיק זענען זיי אין צווייען
איז זיי ניחא...

קום צו גיין,
איך וועל מיט דיר נישט ווייניקער
זיך פֿרייען.
צינד אָן אין צימער אונדזערן
דאָס ליכט,
און זאָלן ווערן אַלע שויבן
אויפֿגעריכט.

# דער האַרבסט

דער האַרבסט האָט וואַלד און פעלד
געמאַכט טיל־טעל,
דאָס גרינוואַרג אָפּגעפאַרבט אויף געל,
דערנאָך
מיט ווינטן און מיט רעגנס,
פאַראומערט
און פאַרוויסט.
שפּעטער —
געטראָטן מיט די פיס.

און איצט איז נאַכט
און דו ביסט ווײַט
פון יענער זײַט
צווישן ערגעץ ווו און אומעטום
און ביידע זוכן מיר אין אַ פאַראומערטן אַרום
אַ סימן פון אַ גרעזל,
פון אַ בלימל
זאָל ערגעץ ווו נאָך גרינען. —
צי וועלן מיר געפינען ?..

## אויב נײַן

אויב נײַן, אויב אַלץ איז שוין פֿאַרשפּילט,
נאָך וואָס די מי
און וועלטן קערן?

אויב אַלץ אין נעפּל איז פֿאַרהילט
און עס דאַכט זיך ווי נישט הי
דאָס זײַן, דאָס ווערן. — —

דער עפּלבוים האָט ווידער זיך צעבליט;
ער שײַנט אַרײַן צו מיר
אין יעדן ליד
און זאָגט מיר צו
אַז אַלץ וועט בעסער ווערן...

# נאָך יאָרן לאַנג

זיי האָבן זיך באַגעגנט נאָך יאָרן לאַנג
פון זײַן צעשיידט.
אַ קאַפּעלע טרערן,
אַ קאַפּעלע פרייד.

ווו זענען — פרעגט ער זי — דײַנע זיבן חנען?
איך קוק אויף דיר און עס ווילט זיך מיר וויינען.

דאָס זעלבע — זאָגט זי — איז מיט מיר. —
איז וואָס איז פאַראַן דאָ צו מאַכן?
קוק איך אויף דיר און עס ווילט זיך מיר לאַכן.

אַזוי האָבן ביידע דאָס זעלבע געפילט
און געמיינט,
און ביידע זיי האָבן געלאַכט
און געוויינט...

# קום צו גיין

אָט איז ער געווען דער טאָג —
אַ זוניקער,
אַ ליבער,
און אויס.
פאַרשוווּנדן, מע ווייסט נישט וווּהין.

קום צו גיין.
וועט דער אָוונט אויך מיט זײַן שטילן אומעט,
באַקומען אַ זין.

מיר וועלן אַרויסגיין שפּאַצירן אין פעלד —
איבער באַרג,
איבער טאָל,
ווי אַמאָל.

דער טאָג איז אַוועק,
דער אָוונט האַלט נישט לאַנג —
קום צו גיין,
ביז די נאַכט וועט אָנקומען
מיט איר לעצט געזאַנג...

# לערן איַין מיט מיר ווידער

פאַר דאָרע מײַיזעל

לערן איַין מיט מיר ווידער
דעם אַלף־בית פון לעבן.
דאָס פינגערל פונעם הרי־את
וואָס אָנגעטאָן איך האָב
דער וועלט —
איז פאַרלוירן געגאַנגען.

די ווערטער פאַלן פוסטע,
ווי זאַנגען,
אויסגעפיקטע פון קראָען.

פון אַלע דאָען
קוקט אַרויס אַ קעלט...

לערן איַין מיט מיר ווידער
דעם אַלף־בית פון לעבן,
אפשר וועל איך געפינען
דאָס פינגערל פון הרי־את
וואָס אָנגעטאָן איך האָב דער וועלט
און ס'איז פאַרלוירן געגאַנגען...

10 — 9 — 1978

# גיב מיר כּח

גיב מיר כּח איך זאָל פֿאַרענדיקן
מײַן ליד,
פֿאַרצערעווען אין אים די ריסן. —

אַ שלאַנג האָט זיך אין ליד
אַרײַנגעביסן.
איך וועל אויסברענען דעם גיפֿט,
אַרומבינדן די ווונדן
וועט אפשר עמעצער
פֿון מײַן ליד געניסן.

I

## בלום און שטיין

ווער קען דיך פֿאַרשטיין,
ביסט אָפּט מאָל,
צאַרט ווי אַ בלום,
ביסט אָפּט מאָל
האַרט ווי אַ שטיין.

עס קאָן דאָך פּאַסירן —
די בלום וועט אַ צווייטער
באַקומען
און איך —
דער שלימזל —
דעם שטיין.

# די צוויי „פייען"

און איצט — ווען איך שרײַב דיר —
איז ווינטער.
פֿאַרפֿרוירן די טינט איז אין טינטער.
ס'איז נאַכט,
נאָר מײַן צימער נאָך וואַך איז,
וואַרט אויף דעם טראָפּנדל נחת,
וואָס זאָל אונדזער עלטער דערפֿרייען
און אָפּמעקן זאָל ער
די פֿינצטערע „פּייען"
די צוויי —
פֿון „פֿאַרפֿאַלן"...

# די אָרעמע וועלט

מע וואָלט מתקן זײַן באַדאַרפֿט די וועלט,
זי זאָל כאָטש אויף אַ טראָפּן מילדער ווערן.
אפשר וועט געלינגען צו פֿאַרבעסערן איר קערן
סע זאָל פֿון איר נישט ציִען
אַזאַ וויסטע קעלט.

האָבן מיר די פֿרײַנד מײַנע געזאָגט: דו קינד,
עס האָבן קליגערע געפּרוּווט זי מאַכן בעסער
אַראָפּנעמען פֿון איר די וויסטע תּפֿיסה־שלעסער,
אַרויסרײַסן פֿון איר דאָס בייזע בילן
פֿון די הפֿקר־הינט.

איז וועמען וועט געלינגען אַזאַ פּרוּוו?!
עס איז דער אומגוט שטאַרקער דאָך פֿון גוטן.
גייט זי אָפּ, די וועלט, אין זיבן בלוטן
און קיינער הערט נישט איר געקלאָג
און ווייטיקדיקן רוף.

# אין הויף ביי אונדז

אין הויף ביי אונדז איז טונקל און עס נאָיעט.
אַ הונט פאַרהויבן האָט דעם קאָפּ און וואָיעט,
פאַר דעם שוואַרצן מלאך בילט ער אויס אַ הימען —
מ׳זאָגט: דאָס איז אַ שלעכטער סימן...

עס וויינט דאָרט עמעצער ביים פענצטער אויפן דריטן גאָרן,
ווו עס ברענט אַ ליכטל ביי אַראָפּגעלאָזטע שטאָרן.
אין שכנותדיקן לאַנד איז אַ זון געפאַלן. —
ערגעץ אין דער ווייטן ווילדע ווינטן פּראַלן.

אָנגעפולט איז אונדזער קרוג מיט וויי און טרערן. —
ווען זשע וועט אין הימל זיך צעשיינען אונדזער שטערן?
די וועלט וועט אויפהערן מיט אונדז זיך קריגן
זיך איינהערן זי וועט אין אונדזער זאָג און אונדזער ניגון...

# וואַרף אַרויס דעם שטיין

וואַרף אַרויס דעם שטיין פון דייַן בוזעם
און זייַ צו מיר גוט און געדולדיק.
מאַך נישט קיין טונקעלע רמזים,
אַפילו ווען איך בין שולדיק. —

שענק מיר אַ פרייַנדלעכן צערטל,
באַפרייַ מיך פון פענט און פון שרעקן.
מעק אויס פון דייַן אויסרייד דאָס ווערטל:
דער הונט האָט דערוווערט דעם שטעקן...

*

די טעג זעען אויס אַ סך שענער,
ווי אויסגעזען פריִער מיט יאָרן. —
מיט זיי וועלן קומען די טענער
וואָס מילדערן וועלן דעם צאָרן.

דער דרויסן ער, דאַכט זיך, איז בלויער,
און יומטובדיק זענען די הייַזער.
פאַרמער נישט די טראָפּנדלעך טרויער,
פאַראייַל נישט דעם גאַנג פון די ווייַזערס!..

## ז׳ער אַלטער כלל

ס׳איז דער „מאָרגן״ אונדזער עיקר
אַ פשיטא שווין דער „הײַנט״
דו זאָלסט אים שווינען,
אויף פּוסט־און־פּאַס אים נישט פאַרלירן. —
וועט ער דיך באַלוינען
און צום „מאָרגן״ פירן.

דער אַלטער כלל איז גוט באַקאַנט.
און ווײ איז דעם
וואָס האָט זיך שפּעט דערמאַנט...

## זאָג מיר דעם אמת

זאָג מיר דעם אמת
זאָלסט מיך נישט שווינען!
האָב איך געזאָגט
און געקראָגן אַ שונא...

איז אפשר, ווי מײנסטו,
איז גלײַכער אַ ליגן?

זינט דעמאָלט
די פרײַנדשאַפט
צו מיר
איז געשטיגן...

# עס טוט אונדז אייביק באַנג

עס טוט אונדז אייביק באַנג.
מיר זוכן דעם נעכטן וואָס לײַכטזיניק
אויפֿן הײַנט פֿאַרביטן
און נישט באַמערקט גאָר
ווי און ווען
ס'איז דער הײַנט שוין אויך
פֿאַרשניטן. —

ווי ווען מיר דעם מאָרגן אונדזערן
פֿאַרהיטן ?

עס טוט אונדז אייביק באַנג.
אַזויפֿיל צײַט אויף פּוסט פֿאַרלוירן.
געמיינט עס וועלן זיך די יאָרן
ציִען,
דויערן.
נישט געזען ווי פֿון אַלע הינטער־ליקלעך
בייזע שטנס לויערן,
און אַז דער באַרג וועט
אַ גרויע מויז געבוירן...

## ווער ,דו ביסט

ביסטו גוט, צי שלעכט,
קלוג צי נאַריש,
פֿאַלש צי עכט,
אַ שלימזל צי אַ כוואַט,
צי אַ תּמימותדיקער יאַט.

צו אַ היים, אַ רו־אָרט, ציסט,
צי צו בלויע הימלען פֿליסט?

לאָמיך וויסן ווי באַהאַנדלט דיך דײַן פֿרײַנד,
וועל איך זאָגן
ווער און וואָס דו ביסט.

# מײַנע פרײַנד

(פאַר מײַן חבר און פרײַנד — שלום טשערקעס)

עס טרעפט,
ווען עמעץ וויל דאָס פּנים מײַנס פאַרשוואַרצן.
נאָר מײַנע גוטע פרײַנד
מיר גינען גוטס
פון גאַנצן האַרצן.

דאָס ליכט פון זייער גינען
און פאַרגינען
היט אויס מײַן זײַן פון בייזן ביל
און ביס
און לאָזט נישט פאַלן
פון די פיס...

## כ׳וואָלט באַדאַרפט אײַך עפּעס זאָגן

כ׳וואָלט באַדאַרפט אײַך עפּעס זאָגן —
שווײַג איך.
כאָטש בײַ יעדן אָנהייב טאָגן —
שטײַג איך.

נאָר ווען עס לעשן זיך די שטערן
אויף מײַן רוקן,
און די בלייכע הימל־בערן
אויף מיר קוקן,

גיי איך אום צעשטרײַט, צערודערט
בײַ די טויערן.
איך האָב זיך מיט דער וועלט געבערודערט
און פאַרלוירן.

## זײַן אָרט

די עוולות און די רישעותן וואָס דו באַגייסט
ביסטו זיך מודה: „כ׳בין באַגאַנגען!"
דער שקר
קלאַפּט דיר — זאָגסטו —
אין דײַן מוח פּלעקער,
דעריבער מײַדסטו אויס פון אים
דעם מינדסטן רמז.

איז אפשר גאָר דײַן אָרט
אָט דאָרט —
אויפן עולם האמת?

# שײַנענדיקע פענצטער

אָוונט.
די פענצטער אין די הײַזער שײַנען.
מיט אומרו ?
מיט רו ?

און אײדער עס מאַכן די לאָדנס זײ צו,
קוק איך אַרויף
און הערן איך וויל
צי איז דאָרטן רעשיק,
צי שטיל.

צי ליבלעך אײנער צום צווײטן,
גוטווײליק און אײניק.
צי פײַנדלעך, פאַראומערט
און שלעכט
און שאַרפצײניק.

צי עלנט, חלילה,
פאַרלאָזן
און פרעמד,
און אַלײניק...

# אַז מען קאָן נישט אַריבער

**אַז מען קאָן נישט אַריבער**
מוז מען, זעט אויס, אַרונטער.
אַזוי איז אַפשר לייַכטער,
געזונטער.

טוען באַדאַרף מען וואָס ס'איז ליבער,
לייַכטער און בעסער.
און נישט ווו די מי און דער צווייפל
איז גרעסער.

רייַס נישט די גרעבליע, סע זאָל נישט
דאָס וואַסער די ברעגעס פאַרפלייצן.
מע דאַרף נישט דעם גורל, דעם בלינדן,
צערייצן...

# לאָז רויִק שטראָמען די שעהען

לאָז רויִק שטראָמען די שעהען,
עס קלאַפּט שוין אין פענצטער דער אָוונט.
דו הערסט ווי עס זינגען די קראָען ?
דער האַרבסט גייט אום שטיל און ער דאַוונט.

און כאָטש ס'איז אין דרויסן סעפּטעמבער,
דאָס האַרץ און די אויגן נאָך אָפן.
כאָטש שוואַכער עס ווערט שוין דער טעמבער,
דאָס האַרץ און די אויגן נאָך האָפן.

דער דרויסן, עס דאַכט זיך, איז בלויער
און יומטובדיק זענען די הײַזער.
פאַרמער נישט די טראָפּנדלעך טרויער,
פאַראײַל נישט דעם גאַנג פון די ווײַזערס !...

# פרעגסט מיך...

א.

פרעגסט מיך, ענטפער איך על ראשון ראשון:
„צווישן צוויי וואָס שלאָפן אויף איין קישן,
זאָל דער דריטער זיך נישט מישן".

ב.

לאָמיר אָט דאָס שפּריכוואָרט נישט האַלטן אין געהיים:
„גוט דער מאַן און גוט דאָס ווײַב — איז גוט די היים,
ווײַל מאַן און ווײַב באַשאַפן זענען פון איין ליים".

ג.

וויפל זאָלסט נישט רעדן איז דאָס אַלץ אַ נייעס —
גרונטיק דאָס באַטראַכט און גוט צעקײַ עס:
„בײַ שלום־בית איז גענוג פאַר ביידע אַ כזית".

ד.

ביטער איז ווען מאַן און ווײַב זענען נישט אייניק.
צרות פיל און תענוג ווייניק.
„ווי איז יענעם הויז ווו ס'איז דאָס פײַער אינעווייניק".

### ה.

„ביי אַ ווײַב אַ שלעכטער, ליגט דער מאַן אין ד׳רערד״.
די אַלע שיינע מעשׂיות נישט איין מאָל שוין געהערט.
„ערגער אָבער איז, ווען ס׳איז פאַרקערט״...

### ו.

זאָלן אַלע חוזק־טויערן אויף שטענדיק זיך פאַרמאַכן !
זאָלן פרייד און שלום בײַ אײַערע טירן וואַכן !
ווײַל מאַן און ווײַב עס קריגן זיך, און די שכנים לאַכן״...

### ז.

אַלץ איז תורת־משה, ווי איר זעט מיך אַ געזונטן :
עס העלפן נישט קיין שטרײַטן, עס העלפן נישט קיין בונטן.
„גאָט זיצט אויבן און מאַכט זיווגים אונטן״...

### ח.

וועגן עלטערן און קינדער, — גלייבט מײַן קאָפּ דעם סיוון !
קיין חילוק נישט צי מיט צי אָן אַ כיוון —
„ווי די גענדז, אַזוי די גריוון״...

## דער אַלטער מאַנטל

קוויטיק, צעקנייטשט און אין לאַטעס,
אין גאַנצן אויף חוזק געוואָרן. —
די שטויבן, די רעגנס, די בלאָטעס
האָבן פאַרקירצט מיר די יאָרן.

איך הענג צווישן אַלטע מלבושים,
אָן קנעפּ און מיט מויל אין די לאַצן.
פּאַר ווייטעק און פינצטערער בושה,
טוען די נעט אין מיר פּלאַצן.

און דאָרט אויפן בוידעם אין גיכן
זיך וואַלגערן וועל איך פּאַרטײַעט. —
צו וועמען זשע בין איך געגליכן ?
אָ, נעמט שוין פון מיר זיך אַ ראיה,

איר מאַנטלען פון שטאָפן, פון רעבטע,
פּאַרלינדערט מײַן וויי און מײַן צאָרן ! —
נאָר ווער סע געדענקט מיך פון נעכטן,
וועט לאָזן אַ טרער לזכרון...

1945

# אייפערזוכט

אין די נעכט זענען זיי צוזאַמען
אין דער שמידערײַ.
צוגעטוליעט איינס צום צווייטן
שלאָפן זיי געשמאַק
באַק צו באַק
ביז קאַיאָר. —

ווי נאָר עס קומט אַרײַן דער שמיד
און רירט זיך צו צו איר,
צו דער קאָוואַדלע. —

פּאַדלע !
ווערט דער האַמער באַלד צעווילדעוועט,
צעגייט זיך. —
און הייבט אָן שלאָגן די קאָוואַדלע זײַנע,
מכות רצח...

# דאָרט

די ביכער־שאַפע צו דעם שרײַב־טיש קוקט אַראָפּ,
דער שרײַב־טיש צו דער ביכער־שאַפע פליִען וויל.
דער דיל צו דער סטעליע קוקט אַרויף,
די סטעליע קוקט מיט נײַגער צו דעם דיל...
אַלע בענקען — — —

וווּהין ?
אַהין !
דאָרט איז שענער
די פאַרבן,
די טענער,
דער פאַרנאַכט,
דער באַגין. —
אַהין !

קרוּם צי גראָד,
דאָרט איז סוד.
דאָרט ! —

# די גאַסלאַמטערנס

די גאַסלאַמטערנס
זיך קלאָגן פאַר דער נאַכט:
ווען וועלן מיר פאַרוואַנדלען זיך
אין שטערן?!

לאַכט די נאַכט:
איר זענט אַראָפּ פון זינען!
נישט איר קענט
און נישט איר מעגט
אַזוינס גאָר
זיך פאַרגינען.

זייַט צופרידן
וואָס איר צינדט זיך אָן
און לעשט זיך אויס
צוזאַמען מיט די שטערן
דערצו נאָך זייַן געבענטשט
באַשייַנען מיט לבנה־ליכט
די גאַסן
און די הייַזער
פון די מענטשן — —

# אין גאָרטן

בײַ די ביימער אין גאָרטן
איז הײַנט
אַן אומעטיקער טאָג.

דאָס ווינטל, זייער ליבלינג,
דער בן־בית,
האָט צוגעזאָגט קומען מיט נײַעס
און נישטאָ.
און באַלד איז שוין נאַכט.

האָט עפּעס מיט אים זיך געטראָפן
חלילה ? —

שטייען זיי שטילע
מיט אָנגעשפּיצטע צווײַגן
און שווײַגן.

# דאָס אַלטע בעט

די שיך אונטערן בעט,
רעדן זיך איבער,
דערציילן
ווו געוועזן,
וואָס געהערט,
וואָס געזען.
ביז שפּעט. —

שטוינט דאָס בעט:
— אַזוי! —
טוט דאָס שווער אַ סקריפּע —
איך, קוים איך זשיפּע,
גיי נישט,
פאָר נישט,
ווייס נישט גאָרנישט.
ג.. אָר..ר.. נישט. —
אַחוץ דעם „מײַן אַרום"
פון צוויי אַ האַלבן מעטער. —

אַז ווי איז מיר
און מײַנע אַלטע ברעטער!..

# דער ווינט

עס רוישט מיר דער ווינט אין די אויערן
מיט אַ ירגזון:
אוי, וועל איך בלאָזן!
איך וועל דיך פאַרטויבן! —

— — — — — — — — — —

נאָר דאַנקען און לויבן,
אַוועק איז דער ווינט און נישטאָ מער,
קיין זכר פון אים נישט געבליבן.
דער דרויסן געוואָרן איז גראָמער
און בלויער די הימלען די זיבן. —

— — — — — — — — — —

דער ווינט האָט די וואָלקנס, די שווערע
פאַרטריבן...

# סוף זומער

סוף זומער.
טיף אין וואַלד דרייט זיך אום
דער אָנהייב־האַרבסט
און האַוועט.
התבודדות ער פּראַוועט
ווי בעש"ט הקדוש.

רעדט זיך איבער
מיט די ביימער,
מיט די גראָזן,
מיט די בלומען. —

פֿאַר דער וועלט זיך ווײַזן,
איז די צײַט נאָך נישט
געקומען...

# די ביימער בעטן אויס

די ביימער בעטן אויס די סטעזשקעס אַלע
מיט ווייכע בלעטער,
ס'זאָל דער האַרבסט
דער רײַכער פעטער —
שפּאַצירן גיין אויף זיי מיט זײַנע טריטעלעך
די שטילע,
זײַנע שיך, די גילדענע,
נישט אויסרײַבן
חלילה. — — —

# די לבנה גנבעט זיך אַרײַן

די לבנה גנבעט זיך אַרײַן בײַנאַכט
אין גאָרטן —
ווען ער כאַפּט אַ דרימל —
אַנצורײַסן עפּל פֿאַר די שטערן,
וואָס זענען בײַ איר אויף דער האָדע.
זעט דאָס צו דער הימל
און מאַכט זיך כלא־ידע.

און די נאַכט — די גוטע מאַמע —
שווײַגט אויס פֿאַר דער לבנה,
ביז איר פֿאַרגאַנג,
אַ לויב געזאַנג.

# די נאַכט קערט זיך איבער

די נאַכט קערט זיך איבער אויף דער צווייטער זײַט
און שלאָפט געשמאַק זיך אויס.
אין חלום איז אַ שטערן אַ שיינער
געפאַלן אין איר שויס.

זי כאַפּט זיך אויף אַ צערייצטע,
זוכט דעם שיינעם יונג. —
די לבנה אויפן שפּיץ פון אַ בוים,
שטעלט איר אַרויס די צונג.

פאַרשעמט זיך די נאַכט: די לבנה
מיך מאַכן וויל צום נאַר.
נאָר דער חלום, דער גוטער חלום,
שענקט אונדז אַ בלימעלע שלום,
מיט דער שיינקייט פון ליבע צו שטאַר...

# דאָס געזאַנג פון דער לבנה

איך באַקלאָג זיך נישט, חלילה,
עס קומט מיר נישט אַפילו
אויפן זינען. —

עס זענען מײַנע גוטע פרײַנד,
דער הימל
און די ערד,
ווי טונקל נאָר עס ווערט.
און די שטערן אַלע
זענען מיר — ווי קינדער אייגענע —
געטרײַ,
און די זון —
די עלטסטע שוועסטער מײַנע, —
גיט מיר כח און שײַן און מוט
און דער מענטש איז ליב צו מיר
און גוט,
לויב־געזאַנגען ער פאַרפלעכט
דעם בלויען צויבער
פון לבנה־נעכט. —

— — — — — — —

איך באַקלאָג זיך נישט חלילה,
עס קומט מיר נישט אַפילו
אויפן זינען — —

# דער בושל

איבערגעזעצט פון דייטש.
(אויטאָר אומבאַקאַנט)
1945

בײַם ברעג פון טײַך שטייט אויף זײַן רויטן פוס
אַ בושל.
דער ברעג איז פּלאַטשיק.
אַליין און אומבאַוועגלעך קוקט ער אויפן בלויען וועג,
קוקט אויפמערקזאַם און לאַנג,
דער שאַרפער מולד אויפן טײַך איז אַ גאָלדענער
האַטשיק
וואָס דער באַרג פאַרוואָרפן האָט אויף פאַנג.

ער קוקט, באַטראַכט אים מיטן קײַלעכדיקן אויג,
און שאָקלענדיק פּאַמעלעך מיטן קאָפּ,
דערווײַטערט ער זיך טיפער אין טשערעט.
ער זעט,
ווי לאַנגזאַם שווימט דער האַטשיק אָפּ
און אין געמויזעכץ ווערט אומעטיק און שפּעט. —

שטייט ער אויף זײַן רויטן פוס אײַנגעהילט מיט נאַכט,
און וואַכט.

## דער בוידעם

צי איז דאָס באַשטימט פונעם גורל,
צי זינגען דעם מענטשן אַ הודו? —
נאָר דאַנקען און לויבן דעם בורא,
וואָס האָט מיר באַשאַפן אַ בוידעם.

אַז אַלץ איז באַשטימט פון דעם הימל,
אַ בוידעם צו זײַן, צי אַ קעלער,
צי ליגן דאָרט אונטן אין שימל,
צי אויבן — אַ ליכטיקער, העלער.

אַ קרוב צו זײַן מיט די שטערן,
וואָס שײַנען אוןווינקען פון אויבן.
און דאָ בײַ די סטריכבעס צו הערן,
ווי ליבלעך עס וואָרקן די טויבן.

אויף קאַסטנס מיט ייִדישע ביכער,
דאָ טוען אַ סטריכע באַשײַנען. —
נאָר, דאַכט זיך, איך הער בײַ דער סטריכע,
די קאַסטנס מיט ביכער גאָר וויינען.

זיי זענען, זעט אויס, ווי דערשלאָגן,
מען האָט זיי פאַרשפאַרט און פאַרשטויסן.
וויל זיך אַ טרייסט־וואָרט זיי זאָגן,
אַ טרייסט־וואָרט וואָס איז עפּעס אויסן:

פילט זיך נישט דאָ ווי געגאַרטע!
איר זענט דאָך ביַי מיר אויפן בוידעם,
און נישט דאָרט אין קעלער פאַרשפּאַרטע,
דאַרפט איר דאָך זינגען אַ הודו...

וואָס נאָענט איר זענט צו די שטערן
און נישט — זאָל דער דאַך אייַך באַהיטן. —
נאָר דאַכט זיך זיי ווילן נישט הערן,
און זעען גאָר אויס ווי פאַרביטן...

נעמט מיך אַן אומעט פאַרוועבן. —
נאָר דאָרט ביַי דער סטריכע, די טויבן,
וואָרקען מיט ליבע און לעבן.
ווער איך געטרייסט און דערהויבן...

## די פעדער

די געשיכטע פון מײַן לעבן
איך שטעל אַוועק פֿאַר מיר. —
וואָלט איך עס באַשריבן,
קלעקט נישט קיין פּאַפּיר.

פּאַפּיר וואָלט אפשר קלעקן
סטײַעט נישט קיין טינט. —
פון דער וועלט די שרעקן,
האָבן מיך פאַרשפּינט.

וואָלט איך גאָר אַנטלאָפן
פון מײַן דאָ און זײַן.
נאָר אַ שטראַל פון האָפן,
לינדערט מיר מײַן פּײַן...

פיר מיך, פיר מײַן גורל
און די שרעק פאַרטרײַב.
געפין אַ מויל און אויערן,
פאַר אַלץ וואָס איך באַשרײַב.

# שפינען

1

שפּינען בויען אויס אין די ווינקלען
פון מײַן צימער
ווילעס. —
בלויער הימל איז די סטעליע,
פּעדעם זײַדענע דער דיל איז. —

אַליין גאָר אין די טונקעלע סטעליע־שפּאַלטן
זיך באַהאַלטן,
וואַרטן אומגעדולדיק אויף די טײַערע געסט,
די פליגן,
וואָס אין צימער מײַנעם פליִען אום
און זשומען,
זאָלן קומען,
וועט מען פּראַווען אונטערהאַלטן...

# אַ פליג שפּילט זיך

2

אַ פליג שפּילט זיך אין שפּינגעוועב,
הוידעט זיך און זשומעט. —
זיך אָפּגעטאָן האָט פון דער שפּין
דער אומעט,
לאָזט זי זיך אַראָפּ אויף גיך,
ווי אויף אַ מאַסט,
אַ קוש צו טאָן דעם טײַערן גאַסט,
געבן אים אַ תּיקון, —
אַז אויסגיין זאָל די פליג
בנשיקה...

# דאָס געזאַנג פון אַן אַראָפּגעפאַלענעם שטערן

דאָרט אויבן, געווען בין איך אַ שטערן,
דאָ אונטן — בין איך בלויז אַ שטיין.
איז ווער וועט מײַן שטילשווײַגן דאָ דערהערן ?
מײַן עלנט, אין דער נידער דאָ, פאַרשטיין ?

אַז אַלץ עס איז באַשערט און ווי עס ווערט —
מע דאַרף באַנעמען
און צופּאַסן מע דאַרף זיך צום אַרום.
איז גוט, אַוודאי, וואָס דאָס פעלד טוט מיך בײַ זיך פאַרהעמען,
און וואָס איך ליג אין גראָז אין שכנות מיט אַ בלום.

וואָס אויף אַ בוים, דאָ ערגעץ נאָענט, וואָרקען טויבן
און פייגעלעך עס צוויטשערן און פליִען אין געדריי. —
פאַרוואָס זשע בענקט אַזוי מײַן האַרץ צום בלויען אויבן,
צו מײַנע שײַנענדיקע ברידער ? מיך ציט אַזוי צו זיי...

די פרעמד איז שיין, די היים איז ליב און שענער
און ווי איז דעם ווען ער זײַן היים פאַרלירט. —
דאָס האַרץ פאַרנעמט נישט קיין געזאַנג מיט פרעמדע טענער
און ווערט נישט פון אַ פרעמדער שײַן געפירט...

# שלמה-יונה דער האָלצהעקער

דער בעלעמער האָלצהעקער שלמה־יונה —
נישטאָ קיין סך אַזוינע —
אַ ייִד אַן ערלעכער, כאָטש אַן עם־הארץ,
נאָר פלײַסיק, האָרעפּאַשנע, נישט קיין פּריץ.
האָרעוועט ביז שפּעט ער שווער און ביטער —
די מי איז דאָך געדיכט,
דער לוין איז שיטער. —

נאָר דאַנקען גאָט, ער קען זיך נישט באַקלאָגן —
און גוט איז וואָס נישטאָ קיין פּענצטער אינעם מאָגן —
זאָל אַרבעט זײַן וועט ער זיך שוין באַמיִען.
איז יעדן פאַרטאָג, ווי נאָר עס נעמט שאַרייִען
לאָדט ער אָן די אַקסלען מיט ביידע העק,
די נישט־צעשיידטע,
איינע איז אַ שאַרפע, אַ שטומפּיקע די צווייטע.
מיט אַ שטריק פאַרגאַרטלט ער די לענדן
און לאָזט זיך ענדעם־פּענדעם
אין שטאָט אַרײַן, אַהין
ווו פאַר אַ גילדן מיט אַ צענער
צעהאַקן דאָרט בײַ עמעצן אַ פורל האָלץ אויף שפּענער,

— נאָכוואָסזשע, שלמה־יונה — פרעגט מען אים —
העק גאָר צוויי באַדאַרפסטו ?
איינע לאָזטו שטומפּיק, די צווייטע שטענדיק שאַרפסטו —
עס מוז דאָך דאָ, ווי זאָגט מען עס, אַ מיין אַ טיפער שטעקן !
איז אפשר וועסטו אונדז דײַן טיפן מיין אַנטפּלעקן !?.

— נו, יאָ — זיי ענטפערט שלמה־יונה מיט אַ כיטרע שמייכל —
עס ליגט אין דעם, פאַרשטייט איר מיך, אַ טיפער שכל.
— איז גיב זשע צו פאַרשטיין — אים טוט מען בעטן —
צי אפשר גלוסט זיך דיר פון עמעצן גאָר שפּעטן ?!

— וואָס פאַלט אײַך אײַן — דערווידערט שלמה־יונה —
באַשפּעטן גאָר! אַפילו נישט דעם גרעסטן שונא.
נאָר וואָסזשע דען? אַ פּשוטע און קלאָרע מעשה:
באַצאָלט ווער פאַר דער אַרבעט מײַנער, וויל מיך נישט
באַרייסן,
צעהאַק איך אים דאָס האָלץ אַזוי ווי דאָס באַדאַרף ער,
אין משך פון אַ האַלבן טאָג מיט דער האַק ד'ער שאַרפער.
נאָר אויב עס טרעפט אַ קמצן און ער דינגט זיך,
דעמאָלט גייט די אַרבעט שלאַבעריק און הינקט זיך
ווײַל מיט דער האַק דער שטומפּיקער איך האַק אַזוינע
שפּענער,
אומגעלומפּערטע און גרויסע ווי די גאַלאַנסקע הענער.
איך האַק אַ גאַנצן טאָג און לאָז נאָך אויף אַ האַלבן,
און די האַק זי קרעכצט ווי אַ קו וואָס דאַרף זיך קאַלבן.

און כאָטש איך קום אַהיים אַן אָנגעהאָרעוועטער און אַ מידער,
נאָר זאָל ער וויסן, אָט דער קמצן, דעם טעם פון קידער־ווידער.
אַז פאַר אַ שווערע האָרעוואַניע מוז מען גוט באַלוינען,
אלא נישט, איז זאָל ער דאָס געדענקען, ווער ס'איז
שלמה־יונה...

# כעלעם גרייט זיך צו דער מגפה

אַז אויסגעבראָכן ערגעץ ווו האָט אַ מגפה
האָט כעלעם באַלד גערופן אַן אסיפה
דעם ענין צו באַקלערן וואָס הייבט מען אָן צוטאָן
ווײַל ווו ערגעץ אַן אומגליק איז כעלעם באַלד אין קאָן.

ווײַל ווו ערגעץ אַ צרה איז כעלעם באַלד אין מיטן. —
זאָל דער אין הימל אונדז באַשיצן און באַהיטן —
איז — ביז איך וויל און וועל, און — ביז מינהיי ובהיי,
וועט זיכער די מגפה קומען אויך צו זיי.

ס'איז דאָך באַקאַנט די מימרא: אויב צדיק, איז ורע לו —
אַזוי איז זי די וועלט און פרעגט זי נישט קיין שאלות. —
פאַרוואָס? דאָס איז במחילה אַ שאלה פון אַ קינד —
אָפּקומען מוז כעלעם פאַר פרעמדע שווערע זינד.

האָט כעלעם לאַנג געטראַכט, דעם מח זיך געבראָכן —
ס'איז ווייניק דאָך צו לעבן מיט בטחון. —
דאָס ווייסט אַ ליאַדע ווער און ווי דער טאָג דאָס קלאָר.
דאַריבער מוז מען מאַרגן, בלי נדר, גאַנץ קאַיאָר

אַוועקשטעלן די מענער אַלע גראָבן קברים
קיין נפקא מינה רײַך צו אָרעם
אָרעם גאָר צו רײַך
נישטאָ ביים טויט קיין מפטיר .אַלע גלײַך.

2

שטייט מען און מע גראָבט. נישטאָ קיין ברירה.
די טײַערע צײַט פאַרלירן איז דאָך אַן עבירה.
עס קען דאָך די מגיפה אָנקומען, חלילה, באַלד
און אָנכאַפּן די שטאָט בײַם גאָרגל. יונג און אַלט.

איז וואָס? זיך גוט דערלעבט, ווי מיינט איר?
איר קענט אַוודאי וויסן. די צײַטונגען דאָך לייענט איר.
— און אַז מע לייענט איז וואָס? די צײַטונג, מיינט איר, ווייסט?
און אויב אַפילו יאָ איז דאָס אַ קנאַפּע טרייסט...

שטייט מען און מע גראָבט. אַ טאָג, אַ צווייטן און אַ דריטן.
נאָר די מגיפה נישט זי קומט. ווײַזט אויס זיי אויסגעמיטן.
ס'איז נישט חלילה וואָס, נאָר פשוט עס פאַרדריסט:
אַזוי פיל טעג געהאָרעוועט און — ווי עס שײַנט — אומזיסט...

## כעלעם זוכט אַ נאַר צום סדר

כעלעם די שטאָט איז אין אַ גרויס געפאַר.
געלעבט דאָרט אַמאָל האָט אַ ליטוואַק אַ נאַר
האָט מען גענומען און מע האָט אים פאַרטריבן.
זינט דעמאָלט איז כעלעם אָן אַ נאַר געבליבן.

מע הערט נישט זינט דעמאָלט קיין וויץ, קיין געלעכטער,
ווי אין אַן אָרעמען הויז מיט דערוואַקסענע טעכטער.
און דאָ איז אין שטאָט שוין ראש־חודש ניסן,
הויבט נישט אָן כעלעם צו וויסן,
ווו וועט מען נעמען אַ נאַר צום סדר.

האָט כעלעם באַשלאָסן אויף מאָרגן, בלי נדר,
צו רופן אַ גרויסע אסיפה און יעדער
אַרויסזאָגן זאָל וואָס ער טראַכט, זײַנע מיינונגען,
צו קריגן אַ נאַר און דעם סדר באַשיינען.

ריידן איז לײַכט, געפינען איז שווערער
און האָסטו געפינען, איז וואָס ער און ווער ער ?
דו ווייסט נישט בחרם דער נאַר וואָס ער טראַכט זיך,
איז ער באמת אַ נאַר, צי ער מאַכט זיך.

בקיצור, אַ שווערע הלכה. דאַריבער,
זאָל מען דעם ענין באַשמועסן בציבור.
כאָטש יעדערער קאָן מיט זײַן חכמה זיך רימען,
נאָר קהל איז כוח, זאָל קהל באַשטימען.

## 2

סע מוז דאָך די שטאָט מיט אַ נאַר זיך באַזאָרגן! —
האָט קהל באַשטימט אַן אסיפה אויף מאָרגן
און זאָל מען אַ טראַכט געבן אַלע צוזאַמען,
ווײַל וואַרטן, איז קאָן מען, חלילה, פאַרזאַמען.

האָט כעלעם אַ גרויסע אסיפה גערופן. —
געווען איז די שטאָט ווי באַרעשט, בגילופין. —
מע האָט זיך געעצהט, געשפּאַרט און געקריגט זיך.
די שטאָט האָט געקאָכט, די שטאָט האָט געוויגט זיך.

גענומען אַ וואָרט האָט דער שטאָט־אפּיקורס:
— אַ נאַר איז אַן אייביקער צער — איז ער גורס.
ער וועט אונדז באַשפּעטן, פאַרשוואַרצן דאָס פּנים.
דאַריבער עצתי: דאַלאָי מיט נאַראָנים!

נאָר דאָ האָט דער דיין מיט טעם דערוויזן:
— רייד אפּיקורסישע שטעכן ווי שפּיזן!
צי אפשר גאָר וויל ער קאַטאָוועסן טרײַבן
און כעלעם זאָל אָן אַ נאַר פאַרבלײַבן?!

— איז וואָסזשע? — גענומען האָט מורמלען דער עולם —
מע דאַרף מיט אַ שמאַטע פאַרשטאָפּן דאָס מויל אים!
— אַן אומגליק אויף כעלעם, אַ פרישער בעל־דעה!
— פאַרשטאָפּט אים דאָס מויל וועט ער אויפהערן קרייען!...

3

— דער דיין, זאָל לעבן, גערעכט איז אַוודאי —
געזאָגט האָט דער חקרן, דער כּעלעמער ידען, —
איז לאָמיר, רבותי, באַדענקען, פּאַוואָליע
און הערשעלען ברענגען פון ק״ק אָסטראָפּאָליע.

מע זאָגט ס׳איז דער הערשל אַ נאַר פון נאַראָנים
און עדות אויף דעם קען אונדז זאָגן זײַן פּנים,
וואָס זעט אויס צו זײַן פון די יאָרצײַטן בלווילער,
און הײַנט ווער סע זעט נישט אַ גענגל ,אַ הולך.

דערצו נאָך איז הערשל אַ ייִד וואָס קאַטאָרע,
אַלץ קומט אים אַנטקעגן. אַז ווי נאָר אַ צרה,
אַ פּלאָג צי אַ קלאָג, איז דאָרט הערשל אין מיטן. —
און אַ קבצן אויף דרוקעס. אַז גאָט זאָל באַהיטן.

האָט כּעלעם דעם ענין באַקלערט און באַשטאַנען: —
ס׳איז דאָך קיין אַנדערער נאַר נישט פאַראַנען —
עס זעט אויס אַזוי אַז דער חקרן גערעכט איז,
ער ווייסט דאָך באמת צי גוט אָדער שלעכט איז.

4

— איז וואָסזשע דאָס וואַרטן? די צײַט מוז מען שפּאָרן. —
איז בעלעם קיין ק״ק אָסטראָפּאָליע געפֿאָרן,
הערשלען צו ברענגען. איז דאַנקען און לויבן!
ער זיצט שוין דער הערשל אין וואָגן פֿון אויבן.

געבראַכט אים קיין בעלעם פֿאַרטאָג מיט די זאָרעס,
צום בעלעמער זקן ר׳ חנאלע שרהס.
און כאָטש ס׳איז זײַן הײַזל אַן ענגס — נו איז אייסער!
ער וועט דאָך דאָ בלײַבן נישט מער ווי אויף פּסח.

צי איז דאָס אַן אמת, צי איז דאָס אַ חלום?
לויפֿט בעלעם אים זען און אים אָפּגעבן שלום. —
און זאָל מען צוזאַמען אַ ווײַלע דאָרט זיצן,
און הערן פֿון אים אַ פּאָר נאַרישע וויצן.

ער איז דאָך דער הערשל, אַ שוטה אַן עבטער. —
האָט זיך געקאַטשעט די שטאָט פֿאַר געלעכטער.

— — — — — — — — — — — —

פֿאַרוואָס נישט געלאָזט אים צום סדר פֿאַרבלײַבן,
האָט בעלעם געשעמט זיך אין פּנקס פֿאַרשרײַבן...

## רעדן און שווײַגן

— ווי איז דיר ווײַל דו ווייסט נישט, ווען צו רעדן און ווייסט נישט ווען צו שווײַגן.

— זיבן מאָל ווי איז דיר, ווײַל דו ווייסט נישט, וואָס צו רעדן און וואָס צו שווײַגן.

## די ריכטיקע מאָס

— ער האָט דאָך גערעדט און דערציילט זייער קלוג, נאָר אויסגעקומען איז דאָס נאַריש.

— ער האָט, זעט אויס, איבערגעצויגן דעם בויגן.

## אַן פרײַנד

— געהאַט אַ סך גוטע פרײַנד און געבליבן אָן איינעם.

— ער האָט ליב געהאַט צו רעדן פון זייערע פעלערן.

## דער זיג

— מיט וואָס האָט זיך פֿאַרענדיקט אײַער קאַמף ?
— איך האָב אים באַזיגט, — האָט געענטפֿערט דער נאַר.
איך האָב אים פֿאַרשטעלט דעם וועג.
— איך האָב אים באַזיגט, — האָט געענטפֿערט דער חכם.
איך האָב אים אָפּגעטרעטן דעם וועג...

## וויפֿל ווער ס׳האָט פֿאַרשטאַנען

— וואָס שײַנט דיר אַזוי דאָס פּנים ?
— מען האָט מיר געזאָגט איין וואָרט און איך האָב
פֿאַרשטאַנען צען.
— און דו, וואָס פֿינצטערט דיר אַזוי דאָס פּנים ?
— מיר האָט מען געזאָגט צען ווערטער און איך האָב קיין
איינס נישט פֿאַרשטאַנען.

## מוחל זײַן און פֿאַרגעסן

— דו האָסט דאָך אים שוין מוחל געווען, פֿאַר וואָס זשע רעדסטו נאָך אַלץ וועגן דעם?

— זעט אויס אַז פֿאַרגעסן איז שווערער ווי מוחל זײַן.

— אויב דו האָסט נאָך נישט פֿאַרגעסן, האָסטו אים נאָך נישט מוחל געווען...

## איינזאַמקייט

— פֿאַר וואָס ביסטו אַזוי איינזאַם? — האָט מען איינעם געפֿרעגט.

— איך האָב געזוכט אַ פֿרײַנד וואָס זאָל קיין פֿעלער נישט האָבן, — האָט יענער געענטפֿערט.

## זיך פֿאַרדינט

— פֿאַר וואָס קומט אים אַזאַ שלעכטער סוף?

— פֿאַר זײַן אומפֿאַרשעמט לעבן.

## ווען פּחדנות איז נישט קיין פעלער

— וואָס געדויערט עס ביי דיר אַזוי לאַנג? פּרוּווסט ווידער און נאָכאַמאָל.

— איך בין זייער אָפּגעהיט.

— נאָר איבעריקע אָפּגעהיטקייט זעט אויס ווי פּחדנות.

— כדי אויסצומײַדן אַ טעות, איז פּחדנות נישט קיין פעלער.

## דער קוקווינקל

— אַלץ איז פאַרהוילן, — האָבן געזאָגט יענע וואָס האָבן אָנטייל גענעמען אין דער אַרבעט.

— אַלץ איז קלאָר, — האָבן געזאָגט יענע וואָס האָבן געקוקט פון אַ זײַט.

## די האַנט פון אַ שונא

די האַנט וואָס האָט אַ קלאַפּ געטאָן אויפן האַלדז־און־נאַקן און נאָך דעם אַ גלעט געטאָן די פּלייצע, איז די האַנט פון אַ שונא און מע דאַרף זיך פאַר איר היטן.

## ווען מען אָפּטרעטן דעם וועג

— פאַר וואָס האָסטו אָפּגעטראָטן דעם וועג אָט יענעם ?
— ער איז אַ נאַר.
— און דעם פאַר וואָס ?
— דער איז אַ משוגענער.

## אַ כאַראַקטעריסטיק

— דו ביסט אַ בעל־קינאה און קאַרג, דערצו נאָך אַ גראָבער יונג.
— מיר זעען זיך צום ערשטן מאָל, פון וואַנען אַזאַ כאַראַקטעריסטיק ?
— איך קען גוט דעם פרײַנד דײַנעם...

## שמייכל און טרערן

— פֿאַר וואָס דאַרף איך פֿאַר אים מורא האָבן ?
— ווײַל ער רעדט שטענדיק מיט אַ שמייכל.
— פֿאַר וואָס דאַרף איך זיך פֿאַר איר אויסהיטן ?
— ווײַל זי רעדט שטענדיק דורך טרערן.

## זיך אַרײַנגעמישט

— ווער האָט אים אַזוי ביטער צעשלאָגן ?
— דאָס האָט ער געוואָלט פֿונאַנדערשיידן אַ געשלעג.

## וווּהין ?!

— וווּהין לויפֿט ער אַזוי ? וואָס איז די אײַלעניש ?
— ערגעץ וואַרט שוין אויף אים אַ צרה.

## מיינונגען

— האָסט דאָרטן פֿאַרגעלייענט פֿאַר זיי דײַן פֿאָרשלאָג ?
— פֿאַרשטייט זיך.
— און וואָס פֿאַר אַ מיינונג האָבן זיי געהאַט ?
— עס זענען געווען צוואַנציק מיינונגען.
— פֿאַר וואָס עפּעס צוואַנציק ?
— עס זענען דאָרטן געווען צוואַנציק מענטשן.

## דער ערגסטער שונא

— שונאים זענען פֿאַראַן דרײַערלײ: דײַן שונא, דער שונא פֿון דײַן פֿרײַנד און דער פֿרײַנד פֿון דײַן שונא.

װעלכער פֿון זײ איז ערגער?

— ערגער איז דער פֿרײַנד פֿון מײַן שונא. דאָס זענען צװײ שונאים צוזאַמען.

## פֿאַר װאָס זיך אָנגעברוגזט

— ער האָט דיך אַזױ געלױבט, טאָ װאָס זשע האָסטו זיך אָנגעברוגזט אױף אים?

— װײַל איבעריקע לױב איז ערגער װי געזידלט.

## דער מוטיקער

— ער איז דאָך, מיר דאַכט זיך, — געווען אַ פּחדן און זע נאָר, ער איז גאָר געוואָרן אַ מוטיקער.

— זעט אויס, מען האָט אים לאַנג פאַרפאָלגט...

## ווען מען אויסגעהאָדעוועט

— פאַר וואָס איז ביי דיר דאָס מויל און די נאָז אין בלוט ?

— איך האָב אויסגעהאָדעוועט אַ שלעכטן מענטשן.

## פאַרוואָס

— פאַר וואָס גייט אים שטענדיק מיט דער פּוטער אַראָפּ ?

— אַ סימן אַז ער האָט געוויסן.

## פון דער ווייַטנס

— פון דער ווייַטנס זעט אַלץ אויס אַזוי שיין.

— דאָס מאַכט אונדזער בענקשאַפט.

## נאָך אַ פּרווו

— איך האָב אים זיבן מאָל אויסגעפּרוּווט ביז איך האָב זיך אַנטווישט.

— פּרווו צום אַכטן מאָל!

## צו דער רעכטער צײַט

— ער איז דאָך אַנטלאָפֿן, טאָ פֿאַר וואָס האָט מען אים דאָס פֿאַרעכנט פֿאַר אַ זיג?

— ווײַל ער איז צו דער רעכטער צײַט אַנטלאָפֿן.

## איינער אַליין

— זעסט אויס אַזוי מיד און אויסגעמאַטערט.

— געווען אַ לאַנגער וועג, אַ שווערער.

— ביסט געגאַנגען זעט אויס איינער אַליין.

# ביַי וועמען זיך אויסגעלערנט

— ביַי וועמען האָסטו זיך אויסגעלערנט אויסמיַידן פעלערן ?
— פון מיַינע באַגאַנגענע פעלערן.

— ביַי וועמען האָסטו זיך אויסגעלערנט צו זיַין אַזוי ליַיטיש און מיט גוטע זיטן ?
— אויפן ביַישפּיל פון מענטשן מיט שלעכטע זיטן.

— ביַי וועמען האָסטו זיך אויסגעלערנט העפלעכקייט ?
— ביַי אַ גראָבן יונג.

— ביַי וועמען האָסטו זיך אויסגעלערנט שכל ?
— ביַי די נאַראָנים.

## אַ פּאַטש און אַ וואָרט

— די וועלט זאָגט: „אַ פּאַטש פאַרגייט, אַ וואָרט באַשטייט״.
— עס איז אָפּהענגיק וואָס פאַר אַ פּאַטש און וואָס פאַר אַ וואָרט.

## דאָס שלעכטע און דאָס גוטע

— דאָס שלעכטע איז שטאַרקער פונעם גוטן, פון דעם זעט זעט אויס קומט דאָס ווערטל:
— „האָבן הונדערט פרײַנד איז ווייניק, און איין שונא — איז אַ סך״.

## פון טויזנט וועגן

— ווען מען זאָל דיר אָנווײַזן אויף טויזנט וועגן, וואָס פאַר אַ וועג וואָלסטו אויסגעקליבן?
— דעם וועג וואָס פירט פון האַרץ צו האַרץ.

## דערהערט

— ביסט דאָך טויב און דאָך האָסטו דערהערט וואָס ער האָט געזאָגט.

— אין זײַנע רייד האָבן זיך אַרײַנגעכאַפּט אַ פּאָר גוטע און נוצלעכע ווערטער...

## ווי קלוג

— ווי קלוג און ווי גוט ער האָט אים געענטפערט!

— ווי קלוג און ווי גוט ער האָט אים געפרעגט!

## דאָס פּנים

— וואָס איז די סיבה וואָס עס בײַט זיך דײַן קאָליר — האָט מען געפרעגט דאָס פּנים.

— די סיבה איז אַ פּשוטע — האָט דאָס פּנים געענטפערט — פאַרשעם איך זיך — ווער איך רויט.

דערשרעק איך זיך — ווער איך טויט.

קרעק איך זיך — ווער איך גרין און געל.

פריי איך זיך — ווער איך ליכטיק און העל.

## דער ענטפער

— עפעס האָט מען נישט געהערט זאָלסט האָבן געענטפערט דעם נאַר ווער ער האָט דיך באַליידיקט.

— איך האָב אים געענטפערט מיט שווײַגן.

## זען און הערן

א) — פון וואַנען און פון וואָס אַזוי פיל וויסן בײַ דיר ?

— פון זען און הערן, מײַן פרײַנד.

ב) — פון וואַנען און פון וואָס אַזאַ צעטומלטקייט בײַ דיר ?

— פון צו פיל זען און פון צו פיל הערן.

## אַ שוואַכער זיכרון

— פאַר וואָס האָט מען געלאַכט פון דיר ? — האָט מען געפרעגט דעם ליגנער.

— דער זיכרון האָט מיך פאַרראַטן.

## דער וואָלף און דער פוקס

— מיך חידושט, — האָט אַ וואָלף געזאָגט צו אַ פוקס, — וואָס דו פאַרמאָגסט בלויז איין נאָז, איין מויל און צוויי אויגן, אָנשטאָט זאָלסט זיי האָבן דאָפּלט.

— פאַר וואָס דאַרף איך זיי האָבן דאָפּלט? — האָט דער פוקס געפרעגט.

— ביסט דאָך אַ צווייפּנימדיקער, — האָט דער וואָלף געענטפערט.

## די שיינע פעל

— ווי שיין איז די פעל דײַנע, — האָט מען געזאָגט צום לעמפּערט. — דאָס איז אַ באַזונדער גליק.

— יאָ, — האָט דער לעמפּערט אַ זיפץ געטאָן. — נאָר אָט דאָס באַזונדערע גליק איז מײַן אומגליק.

## דער קעניג און זײַן ראַטגעבער

— ווער ביסטו? — האָט מען געפרעגט דעם לייב.

— איך בין דער קיניג פון די חיות.

— און דו ווער ביסט? — האָט מען געפרעגט דעם פוקס.

— איך בין זײַן ראַטגעבער, — האָט דער פוקס געענטפערט.

## וועגן יושר

— ווען מען וואָלט מיך געשטעלט באַוואַכן אַ הינער־שטײַג,— האָט אַ פוקס געזאָגט צו זײַן שכן, — וואָלט איך געוווּסט, אַז ס'איז נאָך פאַראַן יושר אויף דער וועלט.

## דער אַלטער וואָלף

— ביסט שוין אַלט און אָפּגעשוואַכט, — האָט מען פאַרגע־וואָרפן דעם וואָלף.
— נישקשה, — האָט דער וואָלף געענטפערט, — פאַר איין שאָף וועט דער כוח מײַנער נאָך קלעקן.

## דער בעל רחמים

— וואָס פאַרגיסטו אַזויפיל טרערן ? — האָט מען געפרעגט אַ וואָלף.
— אַ לעמעלע שטייט פון יענער זײַט פלויט אונטער אַ גאָס־רעגן און איז פּיטש נאַס געוואָרן.

## אַ באַזונדער מזל

— זעט נאָר, ווי מע פירט דאָס אייזל אויף דער חתונה.
אַ באַזונדער מזל.
— ס׳איז כדי ער זאָל פירן וואַסער.

## וואָס ער וואָלט אויסגעקליבן

— ווען מע לייגט דיר פאָר אַ טאָרבעלע מיט שכל און אַ טאָרבעלע מיט מזל, וואָסער טאָרבעלע וואָלסטו דיר אויסגעקליבן? — האָט איין פערד אַ פרעג געטאָן זײַן שכן.
— איך וואָלט אַוודאי אויסגעקליבן דאָס טאָרבעלע מיט קלײַען — האָט דער שכן געענטפערט.

## אין איין שטאַל

— ביסט דאָך אַ פערד פון וואַנען זשע קומען צו דיר מאַנירן פון אַן אייזל?
— שוין אַ צײַט לאַנג אַז מיר וווינען צוזאַמען אין איין שטאַל — האָט דאָס פערד געענטפערט.

## דער אַרבעטס-יאָך

— געווען מיר אַזוי גוט אויף דער פרײַ, האָט מען מיר אָנ־געטאָן דעם אַרבעטס־יאָך אויף דער פּלייצע, — האָט איין אָקס זיך געקלאָגט פאַרן צווייטן.

— זײַ צופרידן, — האָט דער צווייטער אָקס געענטפערט. — איצט ביסטו פאַרזיכערט אַז מע וועט דיך שוין נישט קוילען.

## אין טשערעדע

— דעם שכנס קו איז גאָרנישט קיין נאַר.

— פון וואַנען נעמסטו דאָס ?

— מיר האָבן נעכטן צוזאַמען אַ גאַנצע שעה געמערוקעט.

## פון וואָסער זײַט דאַרף בלאָזן דער ווינט

— ווען בין איך אויסער דער סכנה, — האָט אַ לאַם געפרעגט דעם הונט. — ווען דער ווינט איז מיר פון דער לינקער זײַט, צי פון דער רעכטער זײַט ?

— דער עיקר, — האָט דער הונט געענטפערט, — אַז דער ווינט זאָל בלאָזן פון יענער זײַט ווו דער וואָלף געפינט זיך.



ס׳איז אַ באַוווסטער כלל :
אַ הונט וואָס האַווקעט, בײַסט נישט.
יענער הונט, זעט אויס, נישט געוווסט פון אָט דעם אָ כלל,
האָט ער אי געהאַווקעט אי געביסן.

## דאָס הייפּטל קרויט

— ערשט וואָס איז דאָ געלעגן אַ הייפּטל קרויט און ס'איז נישטאָ, — האָט אַן אייזל זיך געקלאָגט פֿאַר אַ פערד.

— אויב ס'איז געווען מוז עס ערגעץ־ווו זײַן, — האָט דאָס פערד געזאָגט — טו נאָר אַ גוטן זוך.

— מיינסט איך וועל עס געפינען? — האָט דער אייזל פריי־לער אַ הירזשע געטאָן. — כאָטש איך האָב עס שוין אויפ־געגעסן...

## דער הונט און די הון

— טומלסט אַזוי, — האָט דער הונט זיך צעהאַווקעט אויף דער קוואָטשקע, — גלײַך דו קלײַבסט זיך אויפצוטאָן ווער ווייסט וואָס.

— איך קלײַב זיך צו לייגן אַן איי, — האָט די קוואָטשקע געענטפערט.

— צוליב דעם מוזטו אויפשטעלן די גאַנצע גאַס אויף די פיס?

— איידער מען לייגט דאָס איי, — האָט די קוואָטשקע דער־קלערט — ווערט מען נײַן מאָל בלינד.

— נײַן מאָל בלינד? — האָט דער הונט זיך געוווּנדערט — איז דאָס כדאַי?

— כדאַי, כדאַי! — האָט זיך צעשײַנט די קוואָטשקע. — פונעם איי וועט דאָך זיך אויספּיקן אַ הינדעלע.

— אַ הינדעלע גאָר? גלײַכער אַ הינטעלע!

— צו וואָס גאָר אַ הינטעלע? אַ הינדעלע באַדאַרף איך.

— אַ הינטעלע! נאַרישע קוואָטשקע, אַ הינטעלע!

— אַ הינדעלע! מעשוגענער הונט, אַ הינדעלע!

## מיטלייד

אין אַ גאָרטן אויף אַ בוים האָבן זיך געטראָפן אַ קראָ און אַ סאָלאָוויי.

— דייַן זינגען, — האָט די קראָ זיך אָנגערופן צום סאָלאָוויי, האָט נישט קיין קלאַנג און קיין טעם. געשיקט זיך, דו קענסט זיך נישט אויסלערנען קאַרקען?

— איך בין דאָך אַ סאָלאָוויי און נישט קיין קראָ.

— נעבעך, — האָט די קראָ אים באַדויערט.

## אָן אַ מאַמען

עס האָבן זיך באַפרייַנדט צוויי קאַטשקעלעך. איינס, וואָס האָט זיך אויסגעפּיקט אין אַ קוישל אונטער אַ גרויער קאַטשקע, דאָס צווייטע — אין אינקובאַטאָר.

— קום וועלן מיר אַ שווים טאָן! — האָט דאָס ערשטע קאַטשקעלע אַ רוף געטאָן דאָס צווייטע.

— קום! — איז דאָס צווייטע מסכים געווען.

— רוף אים נישט! — האָט זיך צעגאַגערט די גרויע קאַטשקע — ער וועט דערטרונקען ווערן.

— דערטרונקען ווערן? — האָט זיך געוווּנדערט דאָס ערשטע.

— נאָך ווי אַזוי!

— פאַר וואָס?

— ווייַל ער האָט זיך נישט געטוליעט צו קיין מאַמען — האָט די גרויע קאַטשקע דערקלערט — ער האָט זיך נישט געריבן בייַ אירע פעדערן, וואָס גיבן וואַרעמקייט און ברכה...

## דאָס בלימעלע

דער ווינטער האָט ערשט געהאַלטן בײַם אַוועקגיין און אין גאָרטן האָט זיך באַוויזן אַ בלימעלע. אַן איין און איינציק בלימעלע.

בלוי און ריין ווי קינדער־אייגעלעך.

— ס׳קאָצל קומט! — האָט אַ נאַקעטער בוים געחוזקט פֿונעם בלימעלע. — ווייסטו דען נישט אַז איינס אַליין וועסטו דעם פֿרילינג נישט ברענגען?

— איינס אַליין וועל איך טאַקע דעם פֿרילינג נישט ברענגען — האָט דאָס בלימעלע געענטפֿערט. — אָבער אַן אָנזאָג אויף פֿרילינג בין איך דאָך יאָ...

## דאָס גליווערעמל און די לבנה

— פֿאַר וואָס האָסטו זיך באַהאַלטן הינטער אַ וואָלקן? — האָט אַ גליווערעמל אַרויפֿגערעדט צו דער לבנה.

— כּדי מע זאָל דיך בעסער אַרויסזען, — האָט די לבנה געענטפֿערט.

## וואָס און ווער

די אויערן האָבן געזאָגט:
— מיר הערן וואָס מען רעדט.
די אויגן האָבן געזאָגט:
— מיר זעען ווער סע רעדט.

## די טורמע

— קומט צו מיר, איר אַלע דערשלאָגענע, באַעוולטע און געטרודפטע! קומט צו מיר, און ווי אייגענע קינדער איך וועל אײַך טרייסטן און באַשיצן!
אַזוי האָט גערופן אַ ניי־אויסגעבויטע טורמע און ברייט צע־עפנט טיר און טויער פאַר אַלע אויסוווּרפן און פאַרברעכערס...

## דער געגרייטער טיש

— זע ווי שיין עס איז ביי מיר — האָט אַ געגרייטער טיש זיך באַרימט פאַר אַ נישט קיין געגרייטן.
— דאָס איז אמת, — האָט דער צווייטער טיש געענטפערט — איך האָב אָבער איין פעלער, דו — גאַנצע הונדערט.

## דער פּאַס

— פאַר וואָס רעדט דער פּאַס נאַרישקייטן? פּוסטע רייד?
— עס פעלט אים אַ קלעפּקע...

## די פּויק

— דו פּויקסט נישט שלעכט — האָט מען געזאָגט דער פּויק — כאָטש אינעווייניק זעט אויס ביסטו פּוסט.
— דאָס איז אייגנטלעך די מעלה מײַנע — האָט די פּויק געענטפערט. — ווײַל וואָלט איך אינעווייניק נישט געווען פּוסט, וואָלטן די קלאַנגען מײַנע געווען טעמפּע.

## גליק און אומגליק

— ווי אַזוי פירסטו זיך? — האָט מען געפרעגט דאָס גליק.
— דרייַ מאָל קלאַפּ איך אָן אין אַ טיר — האָט דאָס גליק געענטפערט — אויב מען עפנט נישט, גיי איך צו אַ צווייטער.
— און דו, ווי פירסט זיך? — האָט מען געפרעגט דעם אומגליק.
— פאַר מיר זענען אַלע טירן אָפן — האָט דאָס אומגליק געענטפערט.

## טאַלאַנט און מוזע

— אַז דו וועסט קומען, וועל איך אַרבעטן. — האָט דער טאַלאַנט געזאָגט צו דער מוזע.
— אַז דו וועסט אַרבעטן, וועל איך קומען, — האָט די מוזע געענטפערט.

## איך וואָלט דיך צוגעטראַכט

— וואָס וואָלסטו געטאָן אָן מיר? — האָט אַן אָנהויב געפֿרעגט דעם סוף.

— איך וואָלט דיך צוגעטראַכט. — האָט דער סוף געענטפֿערט.

## זיסע און ביטערע רייד

— פֿון וואַנען אָט די זיסע רייד?

— פֿרעג בײַ דער צונג.

— פֿון וואַנען אָט די ביטערע רייד?

— פֿרעג בײַ דער צונג.

## דאָס שפּריכוואָרט

— אַזויפֿיל חכמה ליגט אין דיר אַז אַ גרויסער תּענוג דיך צו הערן.

— ווען נישט אָט די חכמה, וואָלט איך געהאַט קיצור ימים, — האָט געענטפֿערט דאָס שפּריכוואָרט.

## אַ גוט וואָרט

— ייאָס איז מיט דיר דער מער, וואָס מען זוכט דיך אַזוי? — האָט מען געפֿרעגט בײַ אַ וואָרט.

— מסתּמא דערפֿאַר ווײַל איך בין גוט, — האָט דאָס וואָרט געענטפֿערט.

— זאָל דאָס זײַן דערפֿאַר?

— זעט אויס אַז יאָ. ווײַל אַ גוט וואָרט איז ווי אַ גוטע קאָרט, שטענדיק געווינט עס.

## דער זייגער

— די שטוב ברענט און דו גייסט! — האָבן די ברענענדיקע ווענט זיך צעשריגן אויפֿן וואַנט־זייגער.
— מײַן גיין, — האָט דער זייגער געענטפֿערט, — איז אַ באַוויַיז, אַז די צײַט שטעלט זיך נישט אָפּ וואָס סע זאָל נישט געשען.

## די ריכטיקע שעה

— פֿאַר וואָס, — האָט מען געפֿרעגט בײַ אַ זייגער, — ווײַזן נישט קיין צוויי זייגערס די ריכטיקע שעה צו דער זעלבער צײַט?
— ווײַל די ריכטיקע שעה איז נישט בײַ יעדן צו דער זעלבער צײַט, — האָט געענטפֿערט דער זייגער.

## די פּאַרוויסטע הײַזער

— פֿאַר וואָס זענען די הײַזער וואָס דאָ אַרום אַזוי פּאַרוויסט ?
— זעט אויס אַז אין דער נאָענט איז פֿאַראַן אַ שענק.

## די היים

— מ׳זעט נישט אין דיר עפּעס אַזוינס וואָס זאָל קאָנען גע־פֿעלן, — האָט מען געזאָגט צו אַ ייִשוב — איז וואָס זשע האָבן זיי דיך אַזוי ליב און לויבן דיך, די אײַנוווינערס דײַנע ?
— איך בין דאָך זייער היים, — האָט דער ייִשוב געענטפֿערט.

## גערויש און שטילקייט

— איך בין געלעבטער, איך בין געזאַנג. איך בין אין שטורעם, אין דונער און רעגן. איך בין די שפּראַך פֿון לעבן, פֿון מעשׂים און באַוועגונג.

— אמת ! — האָט די שטילקייט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.
— איז ווער זשע און ווען באַדאַרף דאָס דיך ?
— ווען מען ווערט אויסגעשעפּט און מיד פֿון דיר — האָט די שטילקייט געענטפֿערט — רופֿט מען מיך, קום איך ווי אַ ליבער און אָנגעלייגטער גאַסט.

## דאָס שאָלעכץ

— עס רעגנט שוין אַזויפיל צײַט און דו שפּראָצסט נישט.
— איך בין דאָך אַ שאָלעכץ.

## דאָס מיסט

— וואַרפט מיך אַרויס אין אַ ריין אָרט — האָט זיך געבעטן דאָס מיסט — איך וועל דאָרטן זייער אַנזעעוודיק זײַן,

## דער שטרוי

— וואָס האַלטסטו זיך אַזוי גרויס ? — האָט מען אַ פרעג געטאָן אַ שטרוי.
— ווײַל ווען עמעצער טרינקט זיך — האָט דער שטרוי גע־ענטפערט — כאַפּט ער זיך אָן אין מיר.
— ס׳איז שוין ווײ און ווינד...

## באַרג און טאָל

— ביסט נישט אַזוי טיף, — האָט דער באַרג אַראָפּגערעדט צום טאָל.
— ווײַל דו ביסט נישט אַזוי הויך, — האָט דער טאָל אַרויפ־גערעדט צום באַרג.

## דער אונטערשייד

— וואָס איז דער אונטערשייד צווישן אײַך, די טיר און דעם מויל ?
— איך, — האָט די טיר געענטפערט, — דאַרף זײַן געהיט סע זאָל זיך עמעצער נישט אַרײַנכאַפּן...
— און איך — האָט דאָס מויל געענטפערט, — דאַרף זײַן געהיט סע זאָל זיך עפּעס נישט אַרויסכאַפּן...

## די טיר און די נײַ־מאַשין

די טיר האָט געזען ווי מען האָט אָנגעשמירט די נײַ־מאַשין מיט אייל און די רעדלעך האָבן גענומען לעבעדיקער זיך דרייען.
— וואָס ביסטו אַזוי רעדעוודיק געוואָרן ? — האָט איראָניש אַ פרעג געטאָן זי די נײַ־מאַשין. — מיך האָט מען אָנגע־שמירט מיטן זעלבן אייל און איך, פאַרקערט, בין גאָר רויִקער געוואָרן.
— אין דעם איז טאַקע דער חילוק צווישן אונדז, — האָט געענטפערט די נײַ־מאַשין. — מיך שמירט מען אָן כ'זאָל בעסער אַרבעטן, דיך — זאָלסט נישט סקריפּען...

## ווי בוימל אויפן וואַסער

מע זאָגט: — דער אמת שווימט אַרויס ווי בוימל אויפן וואַסער.
— פאַר דעם אמת איז דאָס אַ צייכן צום לעבן, פאַר מיר, צום טויט. — האָט פאַר עמעצן זיך באַקלאָגט דער ליגן.



מ׳האָט דיך נישט איבעריק ליב, האָט מען געזאָגט צום ליגן, — ווּהין זשע שטופּסטו זיך?
— צו פאַרבײַטן אַן אמת אין אַ שעה פון סכנה, — האָט דער ליגן געענטפערט.



## אַ גרויסער פּח

— איך האָב ביז הײַנט נאָך קיין איין לײַטישע שורה נישט געלייענט פון אונדזער פעדער, — האָט דער קלעקער גע־טענהט פאַרן פּאַפּיר. — און דו שווײַגסט!
— ס׳איז אַן אַלט ווערטל, האָט זיך אַרײַנגעמישט דאָס טינטערל. — די פעדער שרײַבט, דאָס פּאַפּיר פאַרטראָגט.
— און די וועלט האַלט זיי דאָך פאַר אַ גרויסן כח, — האָט דער קלעקער ווײַטער געטענהט.
— אַוודאי! — האָט צוהערנדיק די טענות געזאָגט די פעדער. — ווען מיר פאַלן אַרײַן אין קלוגע און אין ערלעכע הענט.
— און ווען איר פאַלט אַרײַן אין הענט פון רשעים?..

## נאָך ערגער

— פון איינער אַ סטראָפּע בײַ מיר, — האָט אין אַ זשורנאַל איין ליד זיך אָנגערופן צו אַ צווייטן, — איז אַרויסגעפאַלן אַ שורה. מען לייענט מיך און מען הייבט מיט די אַקסלען.
— בײַ מיר איז נאָך ערגער! — האָט געענטפערט דאָס צווייטע ליד. בײַ מיר האָט זיך אין אַ סטראָפע אַרײַנגעכאַפּט אַ קאָמישער פעלער. מען לייענט מיך און מען קײַכט פאַר געלעכטער.

## די צוואה

— איך בין דאָך נאָך נישט דער טויט — האָט פאַר עמעצן זיך געקלאָגט אַ צוואה — איז וואָס זשע שרעקט מען זיך אַזוי פאַר מיר?
— דער טויט ביסטו נאָך נישט, — האָט מען איר געענט־פערט — אָבער אַן אָנזאָג אויף אים ביסטו דאָך יאָ.

## פאַרקערט

— איך קאָן אַמאָל פאַרשפּעטיקן — האָט געזאָגט דער טויט — נאָר קומען קום איך.
— צי האָט דיר עמעצער, חלילה, פאַרגעוואָרפן אַז דו האָסט פאַרשפּעטיקט? ! — האָט מען אים געענטפערט. — פאַרקערט!

# אינהאַלט

## לידער



## מײַן ליד



## ליבע־לידער

## וואַרף אַרויס דעם שטיין



## לידער וועגן דעם אַרום



## דריַי בעלעמער מעשיות



## מעשהלער און משלים